# וואס דער צימער דערציילט

פון וו. פּ. אַוועֶנאַריוס.

איבערגעזעצט דורך

מ. ד. ראבינאוויטש.

צווייטע אויפלאגע.



פאַרלאַג
„קולטור-ליגע“
ביאַליסטאָק.

№ 7

1921.

# וואס דער צימער דערציילט.

.I

ס'איז נאַכט. משהלען ווילט זיך ניט שלאָפן. ער דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער; דאָ קורטשעט ער זיך אויף, ווי אַ בייגל, דאָ ציט ער ווידער אויס די פיסלעך. אוי, ווי הייס עס איז! מסתמא, האָט די ניאַניע אָנגעלייגט נעכטן צו פיל האָלץ אין אויוועלע.

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די דעקע, די הענט פאַרוואָרפן אויפן קישן, הינטערן קאָפּ.

ס'שלאָפט זיך אָבער פאָרט ניט. אין קאָפּ רוישט, ווי אין אַ מיל. משהלע קלערט וועגן דאָס, וועגן יענץ. ער האָט אַ שאַרף קעפּל: ער דאַרף אַלץ וויסן, אַלעמען אויספרעגן—דעם טאַטן, דער מאַמען, דער ניאַניע, דער עלטערער שוועסטער: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי און ניט אַנדערש? פון וואָס איז דאָס געמאַכט? פון וואַנען נעמט זיך יענץ? און

ס׳האָבן זיך שוין אָנגעקליבן ביי אים אין קאָפּ אזוי פיל פראַגן, אַז ס׳איז שוין מער קיין אָרט ניטאָ, ס׳שפּאַרט שוין צוריק, עס לאָזט ניט שלאָפן.

פלוצלונג איז משהלע אויפגעציטערט געוואָרן. וואָס איז דאָס אזוינס? עפּעס אַ מאָדנער טומל, אַ קלאפּעריי הערט זיך ארום און אַרום, עפּעס מאָדנע הילצערנע שטימעס.

דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן ביי אים שטאַרק צו קלאַפּן. ער האָט מורא געהאט צו אָטעמען און האָט פון אונטער דער קישן אָנגעהויבן נאָכקוקן און זיך צוהערן.

## .II

סאַראַ וווּנדער! דאָס ריידן דאָך די שטולן! פּשוט טאַקע די שטולן האָבן זיך צורעדט צווישן זיך! זיי קלאַפּן מיט די פיסלעך, דרייען מיט די וועַנטלעך און ריידן, ריידן...

—לאָזט נאָר, רבותי! ניט אַלע פּאַר אַ מאָל!
—האָט אַלעמען איבערגעשריען איין שטול,—מיר זיינען, דוכט זיך, אַלע גלייך: ס׳איז ניטא וועגן וואָס זיך צו אַמפּערן. לאָזט מיר, רבותי, אַרויסריידן דאָס, וואָס ס׳איז ביי יעדערן אויפן האַרצן.

—רייד, רייד, זאָל ער ריידן! האָבן אָנגעהויבן צו רוישן אַלע שטולן מיט אַ מאָל.

—מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן אונזער יוגנט, —האָט אָנגעהויבן דער שטול,—יאָ, אַ גוטע צייט איז דאַמאָלסט געווען. מיר זיינען געווען בעריאָזקע־לעך אין וואַלד. די זון פלעגט אונז וואַרימען, דאָס רעגעלע פלעגט אונז געבן טרינקען, די פייגעלעך פלעגן פלעכטן אויף אונזערע קעפ זייערע נעסטלעך און פלעגן זינגען לידעלעך. ס'פלעגן קומען צו אונז אין וואַלד די דאָרפישע מיידלעך און קינדער נאָך יאַגדעס, נאָך שוועמלעך. גייענדיק, פלעגן זיי פלוצלונג זיך אָפּשטעלן לעם אונז און טיף אָפּאָטעמען: סאַראַ וווּנדערלעכער ריח ס'טראָגט זיך פון די בעריאָזקעלעך! איר געדענקט דאָך דאָס, רבותי?—

—סאַ פראַגע! פאַרוואָס זאָלן מיר דאָס ניט געדענקען? געוויס געדענקען מיר דאָס!—האָבן געענטפערט אַלע שטולן מיט אַ מאָל.

—און אַז מיר זיינען אויסגעוואַקסן איז אונז נמאס געוואָרען צו שטיין כסדר אויף איין אָרט און רוישן מיט די צווייגעלעך. ס'האָט זיך אונז פאַרוואָלט אַ ביסל ווייטער, אָנזען אַ וועלט און אָט

האָבן מיר זיך דערוואַרט. ס'זיינען געקומען פויערים מיט העק, האָבן אונז אַלעמען אויסגעהאַקט, — בלויזע פעניעס זיינען געבליבן פון אונז. אי, האָט דאָס ווי געטאָן! די קליינע צווייגעלעך האָט מען צעהאַקט אויף האָלץ, די גראָבע שטאַמען האָט מען אַוועק־געפירט אין שטאָט אריין, צום סטאָלער.

דער סטאָלער האָט אָנגעהויבן צו זעגן מיט דער זעג, טשעשען מיט דער האַק, העבלעווען מיטן העבל; ער האָט אָנגעהויבן אונז שלייפן און בויערן אויף דער טאָקאַרניע, צופאַסטן איין שטיקל צו דער אַנדערער, אויפקלייען מיט קליי. ער האָט געאַרבעט אַזוי לאַנג, ביז ס'זיינען ארויסגעקומען אמתע שטולן. אין מיטן פון יעדן שטול האָט ער נאָך ארייַנגעזעצט אַ געפלאָכטענעם געזעס פון טשערעט, האָט אונז אָפּגעפאַרבט מיט פאַרב און מיט לאַקיר, און אָט זיינען מיר שוין אינגאַנצן פאַרטיק. ריינינקע, גלאַטינקע, אַ פיסל צו אַ פיסל, אַ װענטל צו אַ װענטל, איינער און איינער, ווי סאָלדאַטן, ריכטיק ווי מיר וואָלטן אַזוי אויף דער וועלט געבוירן געוואָרן.

מיר האָבן דאָך אָבער אַזוי פיל זיך אָנגעליטן,

אַזוי פֿיל צרות אויסגעשטאַנען!

דערפאר אָבער האָבן פּאר אונז מענטשן דרך-ארץ: מ׳מאטערט זיך אָן, זעצט מען זיך צו אויף אונז, מ׳צולייגט זיך ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן.
—חי-געלעבט!

—חי-געלעבט! — האָבן אונטערגעכאַפּט אַלע שטולן מיט אַ מאָל.

—אפשר קענט איר זיין א ביסל שטילער, רבותי!—האָט געזאָגט דער טיש, וואָס איז געשטאַנען צווישן די שטולן,—ניט שוין-זשע איז דאָס א כבוד, וואָס מ׳זעצט זיך ביי אייך אויף די פּלייצעס, ווי אויף פערד?

צו מיר זעצט מען זיך שטענדיק מיטן פּנים, אויף מיר שטעלט מען אַרויף דעם שענסטן כיבוד און די טייערסטע כלים און פאַרוואָס איז דאָס?
—דערפאר, וואָס איך בין געמאַכט ניט פון קיין פּשוטע ברעזשענע האָלץ, ווי איר, נאָר פון אמתע נוס-בוים; דערפאר, וואָס מיין פּנים איז קלאָר און גלאַט, ווי אַ שפּיגל; דער סטאָלער האָט מיך ניט לאַקירט אַזוי איינפאַך, ווי אייך, נאָר ער האָט מיך פּאָליטורט.

מיר זיינען דאָ אינגאַנצן צוויי איינגענע שוועסטער און ברידער: איך און אָט די קליידער-שאַפע,—זי איז אויך פון אמתע נוס-בוים און אויך אינגאַנצן א פּאָליטורטע.

—נו יאָ!—האָט אַ לאך געטאָן דערזועלביקער שטול,—טו צו וואָס-זשע האָט זי זיך צוגעטוליעט צו דער וואנט, די שאַפע דיינע? ריכטיק ווי מיר וויסן ניט, אַז די פּליצע איז ביי איר ניט נאָר קיין פּאָליטורטע, נאָר אפילו ניט געמאַכט פון קיין נוס-בוים, זי איז דאָך געמאכט פון סאָסנע-האָלץ, פון סאַמע פשוטע סאָסנע-האָלץ.

די הויכע גראָבע אלטע שאפע האָט געשוויגן ביז איצט, נאָר איצט, הערנדיק, ווי דער יונגאטש, דער שטול, לאַכט פון איר, האָט זי זיך שוין אויך ניט געקענט איינהאַלטן.

—ווי קומסטו, לאָבוס דו איינער, צו ריידן אזוי וועגן מיר? דו ביסט ניט ווערט אפילו, איך זאָל זיך צוהערן צו דיינע נאַרישע דיבורים,—האָט זי אַ בורטשע געטאָן,—צו דען איז די סאָסנע ניט אַזאַ בוים, ווי דער נוס-בוים אָדער די בעריאָזקעלע? נאָר אַ ביסל פשוטער. ווער אָבער זעט ארויס מיין

פלייצע? זי איז איינפאַך אָנגעטאָן, טראָגט די שטובּיקע בּגדים. צו דען איז וויכטיק, ווי איינער איז אָנגעטאָן? ס'איז וויכטיק, ווער ער איז, וואָס ער איז, ווי ער האַלט זיך. איך בּין דאָך דער געטרייסטער פריינד אין שטוב: וואָס מ'הענגט אריין אין מיר, איז אין דער בּעסטער אָרדענונג. כ'לאָז אויף קיין זאַך קיין שפּרינקעלע ניט פאַלן, כ'לאָז קיין מילב צום בּגד ניט צו,—דעם גנב לאָז איך ניט גנבענען.

### III.

פלוצלונג האָט עפּעס אַ קלונג געטאָן אויף דער פאָדלאָגע, און ס'האָט זיך דערהערט אַ דינינקע הויכע שטימעלע.

—ווער איז דאָס?

משהלע האָט שטילערהייט אויפגעהויבּן דעם קאָפּ, כּדי בּעסער צו זען.

—אַהאַ! דאָס האָט דאָך דער שליסעלע מיט וועלכן מ'פאַרשליסט די שאַפע, ארויסגעשפּרונגען פון שלעסל.—

—וואָס האָט זיך דאָ צעפּלאַפּלט מיט אַזאַ גדולה, דער הילצערנער עולם,—האָט אָנגעהויבּן

דער שליסעלע,—און דו, מומע־שאפע, אויך מיט זיי.
כאָטש מיר זיינען ביידע שוין פון לאַנג גוטע פריינד,
נאָר חברשאַפט איז איינס און יושר—צוויטס. זיי
זיך מודה, מומעשי, אז אָן מיר, קליינעם שליסעלע,
וואָלסט אי שטויב, אי מילבן, אי א גנב צו דיר
צוגעקומען, אויב ניט איך.

איך בין אפילו אַ קלייניגקער, נאָר דערפאַר
זייער אַ געראָטענער. און ניט פון קיין האָלץ בין
איך אויסגעשניטן. נאָר כ׳בין אויסגעשמידט פון אייזן.
האָלץ איז דאָך שוואַך, עס ברעכט זיך, עס ברענט,
עס פוילט. אייזן אָבער ציט זיך, עס איז בייגעוודיק
און שטייף.

מיר, ברידער־מעטאַלן, זיינען דאָ אַ סך,—גאָרניט
אויסצורעכענען. די בכבודיקסטע פון אונז זיינען
גאָלד און זילבער, נאָר נייטיקער פון אַלעמען איז
אייזן, עס קומט אַלעמען צוניץ.—

—מיר זיינען דאָך אויך פון אייזן, מיר אויך!—
האָבן אַ געשריי געטאָן די טשוועקעס, וואָס זיינען
געווען אריינגעשלאָגן אין דער הויך אין וואַנט.

—יאָ, איר אויך—האָט געזאָגט דער שליסעלע,
—אמת קיין גרויסע פאַרשוינען זייט איר ניט, ניט

מער ווי א העלזעלע און אַ קעפּעלע, אָבער דערפאר וויפיל זאכן הענגט מען אָן אײַך אויפן האַלז! אָבער בכבודיקער פאַר אונז אַלעמען איז פּאָרט די מאַמע די בעט: אין איר רוט מען נאָך דער ארבעט, נאָך דער שווערער מי.

נו מאַמינקע, אפשר וואָלסטו אונז עפּעס דערציילט פון אונזער אײַזן־לעבן?

משהלע איז פאַר שרעק שיִר ניט אַראָפּגעפאַלן פון בעטל. דאָס בעטעלע אונטער אים האָט אָנגעהויבן ארומצוגיין און דייטלעך סקריפּען.

— אַך, קינדערלעך מײַנע, — האָט געסקריפּעט דאָס בעטעלע — מיר, אײַזן, שטאַמען ניט פון דער וועלט. אונזער געבוירן־אָרט איז ניט דאָ, אויף דער ערד, נאָר טיף אין דער ערד, אין די בערג. מיר זײַנען דאָרטן געלעגן לאַנג־לאַנג, הונדערטער, טויזנטער יאָרן. מיר זײַנען געווען אָנגעלייגט אין גרויסע שטיינערנע הורבעס, און אַרום אונז איז געווען אַן אייביקע נאַכט, אַן אייביקע שטילקייט. זעלטן־זעלטן פלעגט זיך פאַרקלײַבן צו אונז אַ רעגן־טראָפּעלע; דאַן פלעגט עפּעס אַ פליסטער טאָן, און גלײַך פלעגט ווידער שטיל ווערן.

זײַנען אָבער די מענטשן געקומען און זיך צוגעקליבן אויך צו אונז.

מ'האָט צעשטויסן די שטיקער אײַזן, דערנאָך האָט מען דאָס אויפגעמישט מיט קוילן און אַרײַנגע־לײגט אין אַ גרױסן שמעלץ־אויװן: בערגשטיקער און קוילן, בערגשטיקער און קוילן. און אונטן האָט מען אונטערגעלײגט אַ פײַער און מ'האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן מיט בלאָז־זעק. ניט אין אַ פײַער זײַנען מיר אַרײַנגעפאַלן, נאָר אין אַ העלישן פלאַם. די בערג־שטיקער זײַנען צעשמאָלצן געװאָרן, װי צוקער אויפן פײַער, און די הײסע פליסיקײט האָט אַראָפּגערונען אונטן אין אַ גרוב. און דאָרטן אין דער זײַט פון גרוב געפינט זיך אַ לאָך. די לאָך האָט מען געעפנט און דורך איר אַרויסגעלאָזן די שמוץ פון די אײַזן.

האָט, מײנט איר, איז געבליבן אויפן דעק?
— ס'איז געבליבן אַ רײנער שװערער מעטאַל־אײַזן.

נו, און אַז מיר זײַנען געװאָרן אײַזן, האָט מען געקענט אויסשמידן פון אונז אַלץ, װאָס מ'האָט נאָר געװאָלט. מ'האָט אויסגעשמידט אַ בעט, אַ שליסל, טשװעקעס, הונדערטער פאַרשײדענע נוצלעכע זאַכן.

.IV

— אַז ווער ענטפערט דאָס דאָרט איצט דער בעט פון ווינקל?... עס סאָפּעט, עס בלאָזט פון זיך... דאָס איז דאָך די אויוועלע, יאָ, די אַלטעטשקע, די אויוועלע!

— אָן מיר, באַלעבאָסטעטשקע, האָט איר זיך אינגאַנצן פאַרגעסן? — האָט זי אָנגעהויבן — כאָטש ניט קיין אמתע, נאָר אַ עלטער-מומע אייערע בין איך דאָך. פון אויסנווייניק בין איך דאָך אינגאַנצן פון אייזן. נאָר פון אינעווייניק בין איך אויסגעלייגט מיט ציגל. נאָר אפילו די ציגל זיינען דען ניט אַרויס פון דער ערד, ווי איר?—זיי זיינען אויסגעקנאָטן פון זאַמד מיט ליים און אויסגעבאַקט, ווי קיכל, פון טייג. און זעט נאָר, ווי זיי האָבן זיך צוגערויטלט, אינגאַנצן רויט, ווי צונטער! איצט וועלן זיי שוין אלץ בייַשטיין! אָט שלינג איך דאָך איין יעדן טאָג אַזוי פיל פייער. די ציגל, דוכט זיך, האָבן דאָך שוין געדאַרפט אינ-גאַנצן פאַרברענט ווערן, נאָר ס'נעמט זיי ניט. וואַרימט מען זיך נאָר גוט אויס. מ'יאָגט אַרויס דעם רויך דורכן קוימען און—פטור.

דערפאַר האָבן מיר דאָך די מענטשן אַזוי ליב; ווי זיי קומען נאָר אַריין פון קעלט, גייען זיי גלייך

צו מיר, זיך צו וואַרימען בײַ מיר. ווען ניט איך מיט מײַן וואַרימקײַט, וואָלט גאָר דאָס לעבן קײַן לעבן ניט געווען.—

—וואַרימקײַט איז אײַן זאַך,—האָט זיך אָפּגערופן די וואַש-שיסל, וואָס איז געשטאַנען לעם אויוון אויף אַ בענקל,—נאָר כדי צו זײַן געזונט, דאַרף נאָך דער מענטש זײַן קערפּער האַלטן ריין. און די אײדעלע אַרבעט פירן מיר אויס: איך און מײַן ברודער, דער קרוג. מיר שטאַמען דאָך גאָר פון אַן אײדעלן מין: כאָטש אויך פון ליים, נאָר פון די אײדעלסטע, פון פאָרצעלײַ.—

—וואָס, שוועסטערקע, געדענקסט נאָך, ווי מיר זײַנען געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט?—האָט געפרעגט דער קרוג.

—סאַ שאלה! נאָך ווי געדענקען!—האָט געענטפערט די שיסל.—איך געדענק דאָס אַזוי גוט, גלײַך ווי איצט זאָל דאָס פאָרקומען.

עס איז געווען אנוגסטן אין וואַרשטאַט אויפן פּאַיאַנסענעם זאַוואָד. איך בין נאָך געווען דאַמאָלסט אַ שטיקל ליים. פּלוצלונג האָט מיך דער מײַסטער אַ כאפּ געטאָן, אַ שלײַדער געטאָן אויף אַ קײַלעכדיקן

טישל, האָט מיך אָנגעהויבן צו דרייען מיטן פוס און אויפקוועטשן, קנייטשן מיט די הענט. איך דריי זיך, דריי זיך, אזש דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט. איך פיל נאָר, אז דער מיטן האָט זיך ביי מיר צונויפגעקוועטשט, און די קאַנטן האָבן זיך אויסגעבויגן.

און ער, דער מייסטער, האָט שוין געענדיקט און האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ בענקל. איך קוק מיך אום אויף זיך,—כ'האָב זיך אַליין ניט דער־קענט: אנשטאט אַ מיאוסע שטיק לײם בין איך געוואָרן אַ וואַש־שיסל.

איך קוק, דער מייסטער דרייט שוין ווייטער דעם טישל, קנייטשט און קוועטשט די שטיקל לײם.

—וואָס וועט דאָס איצט אַרויסקומען?—טראַכט איך ביי זיך.—וואָס קען דאָ אַרויסקומען? און וואָס מיינט איר איז טאַקע אַרויס?—

—איך בין אַרויס!— האָט אונטערגעכאַפּט דער קרוג.

—נו, יאָ, ווער דען זשע? ווי נאָר איך האָב דיר דערזען, האָב איך זיך אַזוי דערפרייט, פּונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט מיין אַן אייגענער ברודער.

ווי נאָר דער מײַסטער האָט זיך אומגעדרייט און ניט ווילנדיק אַ שטופּ געטאָן די באַנק, האָב איך גלײַך אַ שפּרונג געטאָן דיר אַנטקעגן.—

—און ניט דערשפּרונגען,—האָט זיך צעלאַכט דער קרוג—דער מײַסטער האט דיר אונטערגעכאַפּט, אַניט וואָלסטו זיך שטאַרק צעקלאַפּט.—

— לאַך, לאַך,—האָט געזאָגט די שיסל— אגב, ביסטו אַלײן אויך שיר ניט אַרויסגעפאַלן פאַר שמחה פון מײַסטערס הענט, נאָר ער האָט דיך צוגעהאַלטן פאַרן אויער:—וווּהין? וווּהין? א קוק טאָן די וועלט און זיך ווײַזן פאַר לײַטן? איר זײַט דאָך נאָך ניט אויסגעגלאַזירט. ווער־זשע וועט אײַך צו זיך צולאָזן, אויב איר זײַט נאָך אָן גלאַזור?

דער מײַסטער האָט אונז בײדן אַרײַנגעשטעקט אין אַן אָנגעברענטן אויוון און באַשאָטן מיט זאַלץ. פון דער היץ האָבן מיר זיך שטאַרק אָנגעברענט, די זאלץ איז צוגאַנגען און אונז אַרומגענומען מיט אַ גלאַזור.

דאַמאָלסט האָט אונז דער מײַסטער אַרויסגע־נומען פון אויוון: — נו, איצט גייט שפּאַצירן איבער דער ווײַסער וועלט, כאָטש ביז די ווײַטסטע מדבריות,

באָר זעט, קריגט זיך ניט, האַקט ניט אָפּ איינער
ביים אַנדערן די גלאַזור; די גלאַזור איז די וויכטיק-
סטע זאַך.

—אָט זיינען מיר געמאַכט אינגאַנצן פון גלאָז,
— האָט אויך אויפגעהויבן זיין קול דער גראַפין
מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, און
אויך אָנגעוויזן אויף דער גלאָז, — אין אונז גיסט
מען אַריין וואַסער צום טרינקען, דעריבער זיינען
מיר טאַקע אַזוינע דורכזיכטיקע, כדי יעדערער זאָל
גלייך זען, וואָס ער טרינקט.

—אויב אזוי זייט איר דאָך געמאַכט גאָר פון
זאַלץ? — האָט געפרעגט דער קרוג.

דער גראַפין האָט אַרויסגעשאָסן מיט אַ היל-
כיק געלעכטער.

—יאָ, מיין טייערער, די זאַך איז ניט אַזוי
פשוט, ווי דו מיינסט. כדי צו מאַכן גלאָז דאַרף מען
אויפמישן צוויי זאַכן, ערד און זאַלץ. אייער ערד
איז ליים, אייער זאַלץ איז פשוטע, צום קאָכן, און
אָט זייט איר שוין אויסגעגלאַזירט.

אונזער ערד איז קלאָרע דינע זאַמד, אונזער
זאַלץ איז דורכגעשווענקטע אַש, פּאָטאַש. מ'האָט עס

אויפגעגאָסן צוזאַמען אין וואַסער, און ס׳איז געוואָרן אַ דורכזיכטיקע שיטערע מאַסע — שיטערע גלאָז. האָסט געזען אַמאָל, ווי אונזער באַלעבאָס זון, משהלע, לאָזט דורך אַ שטרייעלע זייפן־בלאָזערס?

— ווער האָט ניט געזען אויף זיין לעבן קיין זייפן־בלאָזערס? — האָט געזאָגט דער קרוג.

— אונזער מייסטער אויף דער הוטע פלעגט נעמען אַ לאַנגע אייזערנע רערל, פלעגט זי איינטונ־קען אין דער שיטערער מאסע און אָנהייבן צו בלאָזן פון דער צווייטער זייט. ער בלאָזט־בלאָזט און דאָס גלעזערנע טראָפּעלע בלאָזט זיך אויפן עק, בלאָזט זיך, ווערט אַלץ גרעסער, אַן אמתער בלאָזער.

דעם אמת זאָגנדיק, איז דאָס זייער ניט קיין אנגענעמע זאַך, ווען מען בלאָזט דיך אַזוי.

און ער, דער מייסטער, בלאָזט נאָך, דרייט דיך אַרום האַלז, און דו ציסט זיך אויס, ווי אַ גראַפין דאַרף זיין.

דאַמאָלסט שטעלט מען דיך אַוועק אויף אַ הייסער שטיינערנער אויוועלע (אַ הייסער, דו זאָלסט זיך חלילה, ניט פאַרקילן און ניט פּלאַצן) און מען טוט דיר אַ שניט מיט אַ מעסער איבערן האַלז,

זאָלסט זיך אָפּרײַסן פֿון רעדל.

ס׳וועט דאַמאָלסט אַזוי לײַכט, ריכטיק ווי מ׳וואָלט אַראָפּגענומען בײַ דיר אַ פּעטליע פֿון האַלז.

דערנאָך נעמט דער מײַסטער אָן א טראָפּן שיטערע גלאָז און מאַכט אַ קענטל; לסוף פּירט ער איבער די אַקסלען און איבערן האַלז אַ גלעזערנעם קענטל. פֿון שײַנקײַט וועגן מאַכט ער דאָס.

— און איך? — האָט אַ קלונג געטאָן לעם גראַפֿין אַ גלאָז.

— וואָס איז מיט דיר? -- האָט איר שטרענג איבערגעהאַקט דער גראַפֿין. — דו שוועסטער, ביסט גרויס אינגאַנצן, ווי אַ האַלבער גראַפֿין, אָדער, נאָך ווייניקער, ווי אַ האַלבע פֿלעשל; מ׳האָט צעשניטן די פֿלאַש אויף צווײַען און פֿאַרטיק אַ גלאָז.

אָט אזוי איז די מעשה, מײַנע טײַערע. מיר, גלעזערנער עולם, זײַנען אפילו שוואַכע, מיר ברעכן זיך לײַכט,—דו וועסט נאָר ניט פֿאַרזיכטיק א קלאַפּ טאָן אָן אונז, אָדער חלילה, אונז אראָפּוואַרפֿן, וועלן מיר זיך גלײַך צעברעכן אויף שטיקלעך, ברעקלעך. דערפֿאַר אָבער פֿילן מיר שטאַרק, מיר רופֿן זיך אָפּ אויף אַלץ: טו אונז נאָר אַ ריר מיטן פֿינגער, לאָזן

מיר זיך שוין גלײַך הערן, גלײַך הייבן מיר אָן צו קלינגען.

V.

פון רעכטס, פון לינקס, פון דער הויך, פון אונטן, פון אומעטום האָט אָנגעהויבן פּלוצלונג צו רױשן, ריכטיק ווי טויזנטער בלעטער וואָלטן מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו רױשן אין וואַלד.

אויף משהלען האָט ווי אַ ווינט אַ בלאָז געטאָן.

אָט נאַ־דיר גאָר! די אָביטשעס פון די ווענט האָבן זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָבן אָנגעהויבן זיך צו רודערן און דברן.

— אמת, רבותי, יעדערער פון אײַך האָט געלעבט,—האָבן געריוּשט די אָביטשעס,—נאָר פונדעסטוועגן, ווער פון אײַך עס זאָל ניט זײַן, צי ער איז געמאַכט פון האָלץ אָדער פון אײַזן, פון לײם, צי פון גלאָז, לעבט איר אַלע אײַער ערשטן לעבן, אָבער לעבן אין א צווייטן גלגול איז אײַך ניט באַשערט.

— וואָס הייסט, און איר לעבט אַ צווייטן מאָל?—האָט אַ קלונג געטאָן דער גראַפין.

— סו ווי־זשע אַנדערש?—האָבן געענטפערט די

אָביטשעס.—אונזער ערשטער לעבן איז געווען אַ שמאַטענער, דער צווייטער—אַ פאפירענער. די מענטשן האָבן אונז פיל-פיל יאָרן געטראָגן אַלס קליידער, וועש, ביז מיר האָבן זיך צעריסן אויף שמאַטעס, אויף שטיקלעך.

דאָ, דוכט זיך, איז שוין געקומען אונזער סוף. נאָר ניין, דאָ האָבן אונז ארויסגעראַטעוועט אונזערע ידידים, די שמאַטניקעס.

ווער פאַרקויפט פלעשער, סלויעס, ביינער, שמאַטעס!—דאָס האָבן זיי, הייסט עס, געקליבן שמאַטעס אין די הייזער און מיסט-קאַסטנס. און ווען זיי האָבן שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ פולע פור, זיינען זיי אַוועק—מאַרש אויף דער פאַפיר-פאַבריק.

— אַ שיינע קאָמפאַניע,—האָט זיך מיט פאַראַכטונג אָפגערופן דער גראַפין.—ס'וואָלט דאָך קיין צווייטער וועגענער זייך ניט געסטייעט פאַר איין פור אייערע שמוציקע ברידער.

—נו, יאָ, מיט אייערע זייף וואָלט מען ווינציק וואָס אויפגעטאָן מיט פאַרשמעלצטע שמאַטעס,—האָבן געזאָגט די אָביטשעס,—אונז, ליבער פריינד, האָט מען דריי מאָל געקאָכט אין הייסע וואַסער און אין

דרײַ מינים זאַלצן. מען האָט אונז צעריסן, צעריבן מיט אַ רײַב־בערשטל אויף דינע קאַשע, מ'האָט אויף אונז גאָר קיין רחמנות ניט געהאַט, כאָטש נעם און שרײַ חי וקים. דערפאַר אָבער האָט עס אונז דורכ־גענומען, ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. אין אַן אַנדער קעסל, וואָס איז געשטאַנען אין דער זײַט, האָט מען אונז באַגאָסן מיט פרישע וואַסער. די גאַנצע בלאָטע איז אַראָפּ, ווי מיטן האַנט. די קאַשע איז געוואָרן רײַן, געשמאַק, כאָטש נעם און עס.

נאָר די מענטשן האָבן נאָך אַלץ געצווײַפלט אין אונזער רײנקײַט, זיי האָבן אונז גאַנץ גוט אויס־געפּרײַעט, עס זאָל קיין זכר פון דער פריערדיקער שמוץ ניט בלײַבן.

— מיט אָדעקאָלאָן, מסתמא ?—האָט געפרעגט דער גראַפין.

— חכם מײַנער, מיט פלאָריק, ניט מיט אָדע־קאָלאָן. כאָטש שמעקן שמעקט עס גאָרניט מיט פּאַרפומע, פון ריח הייבסטו אָן צו ניסן, נאָר דערפאַר רײַניקט עס אויס, עס מאַכט ווײַס ווי שניי.

— און וואָס איז געוועזן ווײַטער ?

— ווײַטער ?—נאַרישקײַטן, נאָר אַ שפּאַציר. באָכן אַרומוואַשן און אויסרײַניקן זיך זײַנען מיר ווי

קאַשע, אַרויס דורכן קראַן אין אַ דראָטענער נעץ. די נעץ איז אויף רעדער. זי גייט אַלץ פאָרויס און פאָרויס און דערצו שאָקלט זי זיך נאָך פון איין זייט אויף דער אַנדערער. די וואַסער פון דער קאַשקע לויפט אַדורך דורך דער נעץ, און דאָרטן, אין נעץ בלייבט אַ געדיכטע פאַפּירענע מאַסע. אָט דאָ איצט טרעפט זי זיך אָן מיט צוויי וואַלגערהאָלצן, גייט אַדורך דורך די צוויי וואַלגערהאָלצן און קומט אַרויס פון דאָרטן, נאָר איצט איז עס שוין ניט קיין מאַסע, נאָר אמתע שטיפע פאַפּיר. עס איז נאָך אַ ביסל צו פייכט. גייט זי זיך אַלץ ווייטער איבער אַ ווייכן וואָליאָק. טרעפט זי אויפן וועג נאָך צוויי וואַלגער-האָלצן, אָבער שוין ניט קיין קאַלטע, ווי פריערדיקע נאָר אָנגעוואַרימטע. רייסט זי זיך אַדורך דורך זיי און קריכט אַרויס פון דאָרטן, שוין איינגאַנצן אַ טרוקענע.

יאָ, די מעשה דערציילט זיך גיך, די זאַך טוט זיך אָבער אָפּ נאָך גיכער. דוכט זיך, נאָר וואָס ביסטו געזען אַ פליסיקע מאַסע, טוסט אַ קוק,— ס'איז שוין פאַפּיר.

— איר, אַביטשעס, זייט דאָך ניט קיין גלאַטע פאַפּיר,—האָט געזאָגט דער גראַפין—דער פאָן איינע-

רער איז אַ גלאַט גרויער אָבער ער איז באַוויזן אינ-
גאַנצן מיט בלימעלעך און בלעטעלעך, כסדר בלימעלעך
און בלעטעלעך.

— אָט אַזוי האָט מען אונז שוין אויסגעמאָלט
אויף דער אָביטשעס-פאַבריק,—האָבן געענטפערט די
אָביטשעס.—פריער האָט מען אונז מיט אַ פענזעל
באַשמירט מיט גרויע פאַרב—דאָס איז דער פאָן,
דערנאָך האָט מען גענומען אַ הילצערנע פאָרם,
אין וועלכן עס זיינען געווען אויסגעשניטן בלימעלעך,
מ'האָט איינגעטונקט די פאָרם אין רויטע מאַלינע-
פאַרב,—און מ'האָט אָנגעדריקט אויפן פאַפיר,—דאַן זיינען
אַרויסגעקומען בלימעלעך. דערנאָך האָט מען גענו-
מען נאָך אַ פאָרם מיט אויסגעשניטענע בלעטעלעך,
מ'האָט זי איינגעטונקט אין גרינע פאַרב און ווייטער
אָנגעדריקט,—זיינען אַרויס בלעטעלעך.

דער מוסטער איז אפילו זייער אַן איינפאַכער,
גאָר א שיינינקער, ניט אמת? מיר קריכן דאָ קיינעם
ניט אין די אויגן, און פונדעסטוועגן איז אין צימער
געוואָרן פון אונז פיל פרייל עכער און אנגענעמער,
מיר ברענגען נוצן, מ'הערט פון אונז קיין וואָרט ניט.

— יאָ, יאָ, אַ גאַנצע האַלבע שעה הערן מיר
מאַקע, ווי מען הערט פון אייך קיין וואָרט ניט,—

האָט זיך שפּאָטיש אָפּגערופן פון פּאָליצע א שטימע.

משהלע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ רעדט זיין געליבטער ביכל, אין וועלכן ס'זיינען דאָ אַזעלכע שיינע מעשהלעך, פרייליכע און אומעטיקע.

— מיר, ביכלעך, זיינען אויך אַלע פון פּאַפּיר, אויך מיט צייכענונגען און נאָך וואָס פאַרא צייכענונגען!

— שיינע צייכענונגען, — האָבן געענטפערט די אָביטשעס, — עפּעס שוואַרצע אַטשיקלעך, שטיקלעך — אותיות עפּעס...

— אָבער פון די אותיות שטעלן זיך אויף ווערטער, און פון די ווערטער גאַנצע מעשיות, אַ מחיה צו הערן, שפּיצעס אָן די אויערן.

און מיר לעבן שוין אויך אונזער צווייטן גלגול, נאָר אונזער ערשטער לעבען, דער לעבן פון שמאַטעס, איז געווען נאָר פאַרן גוף: מ'פלעגט אונז אָנטאָן, געבן עסן. אונזער איצטיקער לעבן, דער פּאַפּירענער, איז פאַר דער נשמה: מיר וועקן דעם מוח, זיינען משמח דאָס האַרץ.

— טאָ אַחוץ און ווער האָט אייך אַזוי געדרוקט?

— אַ הױ? — אין דרוקערײַ. װער? — די זעצערס. ס'האָט אָנגעקליבן בלײַערנע בולטע אותיות, די אותיות אױפגעשטעלט אין װערטער, אָנגעשמירט פון אױבן מיט טינט און אָפגעדרוקט אױפן פאַפיר.

— הער־זשע, האָט אױסגעטראַכט די מעשיות אױך די זעצערס?

— אָ, נײן, אױף דעם זײַנען דאָ אַנדערע מענטשן. שרײַבערס הײסן זײ.

דער שרײַבער זעט אַלץ, הערט אַלץ און באַשרײַבט דאָס מיט דער פעדער.

און אײך אַלעמען, מײַנע טײַערע, װעט ער אױך באַשרײַבן, ער װעט װעגן אײַך אַ סך מעשיות דערצײלן. די זעצערס װעלן די מעשיות אָפדרוקן אין אַ ביכל, סאָ װעט־זשע רעדט ניט קײן נאַרישקײטן.

— אַ ביטע נײַס! אַפילו רײדן מער מען שױן אױך ניט — האָט מען אָנגעהױבן צו שרײַען פון אַלע זײַטן, — ריכטיק, װי מיר האַלטן שױן גאָר קײן װער־דע ניט געהאַט, ריכטיק װי מיר האָבן זיך װײניק אױסגעליטן, װײניק צרות און פײַן אױסגעשטאַנען, פאַר װאָס־זשע זאָלן מיר שװײגן? און פון אַלע

זײַסן האָט זיך אױפגעהױבן אַזאַ גװאַלד, אַזאַ געשרײ, כאָטש נעם און פאַרשטאָפּ די אױערן. דערװײַלע האָט אָנגעהױבן צו טאָגן, און פון צװישן דעם לאָדן האָט אַ שײַן געטאָן דער ערשטער זונען-שטראַל.

איבערן פענסטער איז געהאָנגען אַ שטײַגעלע און אין שטײַגעלע איז געזעסן משהלעס קאַנאַריק. דאָס פײגעלע האָט זיך פּלוצלונג אױפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט אָנגעהױבן צו זינגען אַזױ קלינגענדיק און פרײלעך, אַז אין צימער איז גלײַך געװאָרן שטיל.

— טומלט ניט,—האָט געזונגען דער קאַנאַריק. —װאָס עס איז געװען איז געװען, שױן אַװעק. װאָס אַװעק, איז שױן פאַרגעסן, אָפּגעװאַשן מיט טרערן.

די זון איז שױן אױפגעגאַנגען, האָט אָנגע-װאַרימט דעם גוף און די נשמה. האָט הנאה, שעפּט נחת, נעמט זיך מוטיק צו דער אַרבעט.

הינטערן פאָרהאַנגל איז געשלאָפן משהלעס ניאַניע. זי האָט זיך אױפגעכאַפּט פון קאַנאַריקס גע-זאַנג און האָט אַרײַנגעקוקט צו משהלען. —

— ע, ליבינקער, אונזער זינגער האָט דיך ניט געקענט אױפװעקן? —

— אוי, ניאַניע, ניאַניע,—האָט אויסגעשריִען דער ייִנגעלע,—צי דען הערסטו ניט, וועגן וואָס ער זינגט?

— וועגן וואָס ער זינגט? ס'פאַרשטייט זיך, ער האָט אַ קול, רייסט ער זיך. וואָס האָבן זיך ביי דיר, מיין טייערער, די אייגעלעך אַזוי צעפּלאַטט? אפשר האָסטו געזען עפּעס אַ גוטן חלום?

— יאָ, און נאָך וואָס פאַר אַ חלום, ניאַניע! און אפשר איז דאָס גאָר קיין חלום ניט געווען? דער גאַנצער צימער האָט דאָך דאָ גערעדט.

— וואָס הייסט, דער צימער האָט גערעדט? מיין שכל פאַרנעמט דאָס ניט.

— נו, וועל איך דיר דערציילן, הער זיך איין.

און משהלע האָט אָנגעהויבן צו דערציילן. די ניאַניע האָט זיך איינגעהערט, און האָט נאָר צוגע-שאָקלט מיטן קאָפּ.

———————

און איר, מיינע ליבע פריינד, איר שאָקלט, דוכט זיך, אויך מיטן קאָפּ? איר גלויבט ניט, אַז אַ

צימער קען ריידן? עפנס אייערע אויגן, שטעלט אָן אייערע אויערן, קוקט ארום און אַרום און הערט זיך גוט־גוט צו, דאַן וועט די גאַנצע וועלט אַרום אייך אָנהייבן צו ריידן, נים נאָר דער צימער.



# פארלאג „קולטור-ליגע“

## ביאליסטאק.

1. כללים וועגן נייעם אויסלייג.
2. קרילאָווס משלים איבערזעצט—פּ. קאַפּלאַן.
3. די שניי מלכּה—י. פּאַס.
4. ביים סטאָלער— „
5. מאַיאָ— „
6. מאַרגאַריטקע—אַנדערסן.
7. וואָס דער צימער דערציילט —פּ. אַווענאַריוס. (צווייטע אויפלאגע)
8. אַ דין תּורה מיט אַ קלאָץ—י. רובין. (צווייטע אויפלאגע)
9. דער האַרבסט ווינט אויף דער רייזע—ס. ריינהיימער
10. וועגן אַ קאַץ וואָס האָט אַליין געמאַכט אירע שפּאַצירן—ר. קיפּלינג.
11. געאָמעטריע—מ. זאַבלודאָווסקי.
12. וועגן ים און יבשה—י. נאָוואָגרודסקי.
13. ווי אַזוי איז געשריבן געוואָרן דער ערשטער בריוו—ר. קיפּלינג.
14. די איינוווינער פון די ימים—י. נאָוואָגרודסקי.
15. די בינען-מלכּה— ק. עוואַלד.

# CO POKÓJ OPOWIADA

Awenarjus.

Przetłomaczył
M. D. RABINOWICZ

Wydawnictwo „Kulturalno-Oświatowe"
w Białymstoku.

Drukarnia MISZONDZNIKA, Białystok, Lipowa 25.